יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
ביבליאָגראַפישע צענטראַלע

# ביבליאָגראַפישע יאָרביכער פון ייוו"א

## באַנד I — 1926

צוגאָב: ביכער און נײַ-געגרינדעטע
פעריאָדישע אויסגאַבעס אין 1927

פאַרלאַג קולטור-ליגע / וואַרשע / 1928

# צילן און וועגן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

(1) דער גייסטיקער אויפשטייג פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין אַלע לענדער פון קאָמפּאַקטן יידישן ישוב האָט באַשאַפן נייע קולטורעלע באַדערפעניש, וואָס אויף צו באַפרידיקן זיי זיינען נייטיק נייע מעטאָדעס און נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט קומט צו דינען די יידישע מאַסן אין דעם קאַמף פאַר זייער קולטורעלער עמאַנסיפּאַציע. ער קוקט אַרויס אויף דער טעטיקער אונטערשטיצונג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס ווילן מיטהעלפן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

(2) דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דאַרף זיין:

(א) דער צענטער פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין יידיש, און אין דער ערשטער ריי — די צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור;

(ב) דאָס אָרט, ווו עס בילדן זיך אויס נייע אַרבעטער אויפן פעלד פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור;

(ג) דער צענטראַלער רעגיסטריר-פונקט פאַר דעם יידישן קולטור-לעבן אין אַלע עקן וועלט.

(3) דער אינסטיטוט באַשטייט פון 4 סעקציעס: פילאָלאָגישע, היסטאָרישע, עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישע, פּסיכאָלאָגיש-פּעדאַגאָגישע. חוץ דעם פאַרמאָגט ער אַ ביבליאָגראַפישע צענטראַלע, אַן אַרכיוו, אַ ביבליאָטעק און אַ מוזיי.

(4) דער אינסטיטוט

(א) גיט אַרויס זאַמלביכער („שריפטן") און איינצלנע ווערק פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער;

(ב) קלייבט און סיסטעמאַטיזירט וויסנשאַפטלעכע מאַטעריאַלן;

(ג) שאַפט אַ צוגרייט-אַנשטאַלט פאַר יונגע וויסנשאַפטלער אין די אַרבעטצווייגן פון אינסטיטוט, פאַר קומענדיקע לערער פון די יידישע מיטלשולן און סעמינאַרן אאַז״וו;

(ד) פאַרבינדט צווישן זיך די פאָרשער, וואָס אַרבעטן אין יידיש וועגן אַלע צווייגן וויסנשאַפט אָדער אין אַנדערע שפּראַכן וועגן יידיש, אינפאָרמירט זיי וועגן וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וואָס זיינען אין גאַנג, אָרגאַניזירט אַ קעגנזייטיקע אויסהילף;

(ה) זאַמלט און פאַרשפּרייט אינפאָרמאַציעס וועגן דעם צושטאַנד און די אויפטוען פון דער יידישער קולטור-באַוועגונג אין אַלע לענדער.

# אַ וואָרט פריִער

מיט דעם דאָזיקן יאָרבוך באַווייזט זיך די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַר דער עפנטלעכקייט מיט די ביכורים כון איר אַרבעט. דאָס וואָס דער ייוו"א האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל בכלל: צונויפצונעמען און צו פאַראיינהייטלעכן די וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך איבער אַלע עקן וועלט, ווערט דאָ מקוים אויף איין ספּעציעלן פעלד: אויפן פעלד פון ביבליאָגראַפיע.

באַשלאָסן געוואָרן איז די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע אויף דער פאָרבאַ־ראַטונג וועגן דעם ייוו"א אין אויגוסט 1925, פונקציאָנירן האָט זי אָנגעהויבן דעם 1טן יאַנואַר 1926. די ספקות זיינען געווען גרויס און מער ווי באַרעכטיקט. אויב אַפילו מלוכות, וואָס שטיצן זיך אויף געזעצן וועגן צוואַנגעקזעמפּלאַרן, זיינען ניט אימשטאַנד צו געבן קיין פולע רעגיסטראַציע פון זייער דרוקפּראָדוקציע, איז אַ פשיטא שוין מיר, וואָס מיר זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימען און מיר פאַרמאָגן ניט קיין שום צוואַנגאַפּאַראַט. דער שׂכל האָט אויסגעטראָגן, אַז צו די גרויסע הוצאות, וואָס מלוכות לייגן אויף דער אַדמיניסטראַציע פון זייע־רע ביבליאָגראַפישע אינסטיטוטן, וועט דעם ייוו"א נאָך אויסקומען איינצו־קויפן דעם עצם מאַטעריאַל; און וועגן אונדזערע פינאַנציעלע מיטלען גיט אַ פאָרשטעלונג דער פאַקט, וואָס אָנהייבנדיק אונדזער אַרבעט מיט ניטגעצאָלטע רעגיסטראַטאָרן האָבן מיר אַפילו ניט געהאַט קיין געלט צו דעקן דעם באַטרעף פאַר דרוקן די ערשטע פינף טויזנט רעגיסטריר־קאַרטלעך. מיר האָבן זיך אָבער פאָרט גענומען, גענומען מיט יענעם בטחון, וואָס כאַראַקטעריזירט יעטווידער קולטור־באַוועגונג וואָס שטייגט באַרג־אַרויף. מיר האָבן אויסגעקוקט אויף דער איבער־געגעבנקייט פון די מיטאַרבעטער פון איין זייט, אויף דער באַוווּסטזיניקייט פון די פאַרלעגער פון דער צווייטער זייט. און מיר האָבן זיך ניט אָפּגענאַרט. די רע־פעקטן, וואָס געפינען זיך נאָך אין דעם איצטיקן יאָרבוך—די צענטראַלע אַליין ווייזט אָן אויף זיי אין ח' מ. פּופּס' „טעכנישע באַמערקונגען" — זיינען שוין אין דער רעגיסטראַציע פון 1927 אַ סך קלענער, און אין 1928 זיינען זיי שוין אויס־געראַמט כּמעט אינגאַנצן.

די ערשטע מניעה איז געווען ניטגעניטשאַפט. מיר האָבן געהאַט פאַר זיך די טעאָריע און פּראַקטיק פון פרעמדע, אין דער ערשטער ריי די רעגיסטריר־כללים פון די פּרייסישע מלוכה־ביבליאָטעקן און די דעצימאַלע קלאַסיפיציר־סיסטעם פון דעם בריסעלער אינטערנאַציאָנאַלן ביבליאָגראַפישן אינסטיטוט. אָבער די פּראַ־

גע איז געווען ווי אַזוי צוצופּאַסן די פרעמדע אויפטוען צו אונדזער קאָנקרעטן יידישן מאַטעריאַל. מיט דעם האָט זיך אָפּגעגעבן די ביבליאָגראַפישע קאָמיסיע[1], וואָס האָט סוף 1925 אַרויסגעגעבן איר אינסטרוקציע אונטערן נאָמען: „די יסודות פון דער ביבליאָגראַפישער רעגיסטראַציע“[2].

זייער פיל אַכט האָט די קאָמיסיע אָפּגעגעבן דער פראַגע וועגן דעם פּ אַ ר נ ע ם פון דער רעגיסטראַציע. בנוגע ביכער און ביכערמעסיקע אויסגאַבעס איז קיין ספק ניט געווען, אַז מען מוז שטרעבן אַרומצונעמען אַ ל ץ. אָבער וואָס טוט מען מיט דעם מאַטעריאַל פון דער פּעריאָדישער פּרעסע? זאָלן מיר רעגיסטרירן אויך אַלע לויפיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען פון די צייטונגען? אַרגומענטן זיינען געווען וואָגיקע פאַר און קעגן, נאָר סוף־כּל־סוף איז געבליבן אַזוי (פּונקט 29 און 30 פון די „יסודות“):

די רעגיסטראַציע נעמט אַרום אָן אויסנאַם אַלע אַרטיקלען און גרעסערע אינפאָרמאַטיווע נאָטיצן וועגן וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט. פּובליציסטישע אַרטיקלען, ווי אויך די כראָניק, ווערן בדרך־כּלל ניט רעגיסטרירט. גרעסערע סעריעס פון פּאָליטישע אַרטיקלען, וועלכע האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט, ווערן יאָ אַריינגענומען אין דער רעגיסטראַציע אונטער די רובריקן פון געשיכטע, עקאָנאָמיק אאַז״וו. דאָסגלייכן ווערן רעגיסטרירט אַלגעמיינע איבערזיכטן פאַר אַ גרעסערן פּעריאָד, אויטענטישע באַריכטן וועגן צוזאַמענפאָרן און ענלעכע מאַטעריאַלן, אויף וויפיל זיי זיינען שייך ספּעציעל צום יידישן לעבן.

אַלזאָ: די פּובליציסטיק בלייבט אויסן; מערניט דער צוגאָב האָט געעפנט אַ טיר פאַר יאָ אַריינפירן וויכטיקערע אַרבעטן אויף פּובליציסטישע טעמעס, און דער דאָזיקער הכשר איז גענוג ברייט אויסגענוצט געוואָרן, ווי ס׳ווייזט די אָפּטיילונג 32. געוויס האָט זיך דאָ ניט געלאָזט אויסמיידן אַ געוויסע סוביעקטיווקייט פון דעם רעגיסטראַטאָר, און אויף וויפיל די אַרבעט איז געפירט געוואָרן פון פאַרשיידענע פּערזאָנען, וועט זיך אין דעם יאָרבוך אפשר אָפּשפּיגלען אַ ניט־איינהייטלעכקייט אין דעם אויסוואַל. אָבער אַפילו דאָס אויג פון דעם שטרענגסטן בדקן וועט דאָ געוויס ניט אויסגעפינען, אַז וועלכער עס איז צ ד איז באַוואָלט

---

[1] צו דער ביבליאָגראַפישער קאָמיסיע געהערן: מ. אידעלסאָן, י. אַנילאָוויטש, מ. ווייַנרייך, י. יאַשונסקי, מ. יעווזעראָוו, ח. לונסקי, ב. לעווין, מ. פּופּס, מ. קאַנטאָר, א. ראָזענטאַל, ז. רייזען, מ. שאַליט (באַטייליקט זיך בלויז אין די ערשטע פאַר זיצונגען), י. שטראַשון.—די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אויך שפּעטער באַהאַנדלט אַלע פּרינציפּיעלע פראַגעס פון דער ביבליאָגראַפישער אַרבעט, צוו״אַ אויך דעם פּלאַן פון דעם איצטיקן יאָרבוך; וועגן דעם ענין איז פאָרגעקומען אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די אויסלענדישע פריינד, דערעיקרשט מיט א. טשעריקאָווער און ד״ר י. שאַצקי. איינציקע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן אויך מיטגעאַרבעט אין דער צענטראַלע פון דיצונג ביז דיצונג. די רעגיסטראַציע האָבן געפירט: א. פּעקלער (פּרווו־רעגיסטראַציע סוף 1925), ב. לעווין (ביז דעצעמבער 1927), י. לאַפּידוס (עטלעכע מאָנאַטן אין דער ערשטער העלפט 1926) און דער עיקר י. אַנילאָוויטש.—די טעכנישע רעדאַקציע פון דעם יאָרבוך האָט דורכגעפירט מ. פּופּס.

[2] 300 עקזעמפּלאַרן, ליטאָגראַפירט; 8 גרויסע זייטן.

געוואָרן; און אַגב ווערט דער בליק וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער און זיכערער, ממילא די וואַקלונגען אַלץ קלענער.

פון אַן אַנדער זייט זיינען געווען טענות קעגן רעגיסטרירן דעם גאַנצן אַ״ג „בעלעטריסטישן״ מאַטעריאַל פון דער פרעסע, מיטן מאָטיוו, אַז אַ היפּשער טייל פון די דאָזיקע לידער און דערציילונגען איז מינערוועטיק. אָבער דאָ איז די קאָמיסיע אַוועק מיט דעם גאַנג, אַז מען דאַרף יאָ רעגיסטרירן אַלצדינג, און וועגן די קינסטלערישע קוואַליטעטן פון דעם פאַררעגיסטרירטן מאַטעריאַל זאָלן שוין משפּטן מבינים.

בלי־ספק וועט זיך אויפן צוזאַמענשטעל פון דעם יאָרבוך אָפּרופן דער פאַקט, וואָס ווייט ניט דער גאַנצער מאַטעריאַל צום רעגיסטרירן איז געווען אין אונדזער רשות. עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן מיט אָנערקענונג, אַז כמעט אַלע צייטשריפטן שיקן צו זייערע אויסגאַבעס אָן געצאָלט צו דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע; אַ סך ערגער איז מיט די ביכערפאַרלעגער, אָבער אויך אין דעם ווערט וואָס ווייטער בעסער. נאָר עס האָט געמוזט נעמען צייט, ביז וואַנען עס האָט אָפּגעגאָלטן דאָס אַלץ צו פועלן דורך צירקולאַרן און בריוו, און טייל מאַטעריאַל, איבערהויפּט ביכער פון אויסער פוילן, איז נאָך ביי אונדז ביז היינט ניט פאַרזאָרגט ווי ס׳געהער צו זיין. אַלזאָ איז אויסגעקומען גאַנץ אָפּט צו רעגיסטרירן פון דער צווייטער האַנט, און דאָס האָט געמוזט ברענגען צו אומפּינקטלעכקייטן און אַפילו צו טעותן; וואָס ווייטער זיינען זיי געוואָרן זעלטענער.

אַ גרויסער שטער איז דער פאַקט, וואָס עס ווערן ניט אַריינגעלאָזן קיין פוילן אַ גאַנצע ריי ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבעס פון אויסלאַנד. דער ייוו״א האָט אָנגעגעבן די געהעריקע השתדלות ביים אינערן־מיניסטעריום, אַז ער זאָל ווי אַ ווויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע געניסן פון דעם זכות צו באַקומען אַלע דרוק־ווערק אָן אויסנאַם. אין דעם מאָמענט, ווען די שורות ווערן געשריבן, איז נאָך קיין אָפיציעלע תשובה ניטאָ.

ווי ווייט מעגלעך האָט דער ייוו״א אויסגענוצט די פריינדלעכע מיטהילף פון אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן[1] אויפן ערשטן פּלאַן דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן די פריינד י. זיפער (מאָנטרעאַל), ז. ראַטנער (מאָסקווע), מ. קאַדישעוויטש (כאַרקאָוו), ד״ר י. שאַצקי און מ. שטאַרקמאַן (ניו־יאָרק), ז. שניאור (ריגע). זייער וויכטיק איז אויך געווען די קאָנטראָל־רעגיסטראַציע פאַר פוילן, וועלכע עס פירט אין דער נאַציאָנאַלביבליאָטעק אין וואַרשע (פריער אין דער דאָרטיקער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק) פריינד מ. לערער.

ענדלעך דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף דעם שטענדיקן דוחק אין מענטשן, פון וועלכן עס ליידט די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע. איר אַרבעטספעלד איז אַזוי גרויס, אַז זי וואָלט געדאַרפט האָבן די סיסטעמאַטישע אַרבעט פון פיר—פינף מענטשן,

[1] זע מ׳צגן דעם ווייטער, אין די „טעכנישע באַמערקונגען״.

אין דער צייט וואָס פאַקטיש אַרבעט פעסט בלויז איין מיטאַרבעטער. ביי די־
אומשטאַנדן קען ניט געלייגט ווערן די פולע אַכט אויף דער רעגיסטראַציע פון
העברעיִש און פון „יודאַיִקאַ" אין אַנדערע שפּראַכן. עס איז איבעריק צו זאָגן ווי־
גרויס עס איז דער שאָדן דערפון, וואָרים הגם דער „קרית ספר" פון דער נאַ־
ציאָנאַלער און אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק אין ירושלים פאַרצייכנט אי העב־
ראַיִקאַ אי יודאַיִקאַ, וואָלטן מיר געוויס אַרויסבאַקומען פון אונדזער זיפונג אַ
ביסל אַן אַנדערן אָפּקלייב. נאָר פאַרפאַלן, בלית־ברירה מוז זיך אונדזער ביבליאָ־
גראַפישע צענטראַלע אָפּגעבן פריער פאַר אַלץ מיט דער דרוקפּראָדוקציע אין
ייִדיש — ניט נאָר דערפאַר וואָס דאָס איז איר דירעקטע אויפגאַבע, נאָר אויך
צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער צווייג ביבליאָגראַפיע ווערט דורך קיין שום
אַנדער אינסטיטוציע ניט פאַרזאָרגט. דאָ מוז געפונען ווערן אַן אויסוועג, אָבער
ער קען קומען ערשט מיטן אַלגעמיינעם פינאַנציעלן אויפשטייג פון ייוו"א.—אַגב
דאַרף מען אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז כמעט אַלע העברעיִשע און טייל
אַנדער שפּראַכיקע צייטשריפטן האָבן ניט געענטפערט אויף אונדזערע פילמאָליקע
ווענדונגען וועגן צושיקן זייערע אויסגאַבעס פאַר דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע.

ווי ווייט עס לאָזט זיך ווערט די רעגיסטראַציע פון ניט־יידיש פאָרט גע־
פירט.[1] אָבער פאַר 1926 איז די צאָל קאַרטלעך פון די פאַכן אַזוי קליין, אַז מיר
האָבן באַשלאָסן זיי אין יאָרבוך ניט אַריינצוגעבן; לאָמיר האָפן, אַז די קומענדיקע
יאָרן וועלן מיר שוין קענען ממלא זיין דעם בלייז אויך.

עס זיינען אויך ניט אַריין אין דעם יאָרבוך אַלע איינבלאַטיקע דרוק־
זאַכן, ווי אויפרופן, פּראָקלאַמאַציעס, אַפּישן, פּראָגראַמען אאַז"וו, וואָס קומען אָן
אין אַרכיוו פון ייוו"א. די אַלע זאַכן זיינען אין זייער מאַסע זייער אַ וויכ־
טיקער מאַטעריאַל, און מיר ווענדן זיך צו אַלע אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן, זיי־
זאָלן אויף להבא נאָך מיט מער חשק זאַמלען און צושיקן די דאָזיקע אָביעקטן,
וועלכע ווערן אין אַרכיוו אויפגעהיט און סיסטעמאַטיזירט מיט גרויס זאָרגעוודי־
קייט. אָבער געבן רשימות פון די אַלע זאַכן אין יאָרבוך איז ניט כדאַי: אי ס'וואָלט
פאַרנומען אומגעהייער פיל פּלאַץ, אי ס'וואָלט ניט געהאַט קיין געהעריקן אָנ־
ווענד, ווייל אויסשעפּן דעם שטאָף כאָטש פיל־ווייניק זיינען מיר דאָך ניט ביכולת.

דאָס יאָרבוך פאַר 1926 גייט אַרויס, איבער פאַרשיידענע טעכנישע און
פינאַנציעלע סיבות, ערשט אין דער צווייטער העלפט 1928. געמאָסטן לויט דעם
טעמפּאָ פון אַזוינע אויסגאַבעס אין אַנדערע שפּראַכן, איז דאָס גאָרניט שפּעט;
אָבער בכדי פאָרט צו מאַכן דאָס בוך נאָך אַקטועלער, האָבן מיר צוגעגעבן אויך
אַ טייל מאַטעריאַל פאַר 1927: 1) רשימה פון די פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס
האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין אין דעם יאָר; 2) רשימה פון די ביכער, וואָס זיינען

[1] אַ מיטהילף האָט די צענטראַלע אין דעם פּרט פון כרוי ס. סאַלאָמאָנאָוויטש. — לעצטנס
אַרבעט אויך מיט ביי דער רעגיסטראַציע מ. ראַכליך.

אַרויס אין דעם יאָר. דער לייענער און שטודירער פון דעם יאָרבוך וועט געוויס זיין דערפון צופרידן.

די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע פון ייוו"א האָפט, אַז איצט, נאָכן דערשיינען פון ביבליאָגראַפישן יאָרבוך, וועט שוין ניט בלייבן קיין איין אַרויסגעבער פון אַ צייטשריפט, קיין איין פאַרלעגער פון ביכער, וואָס וועט ניט שיקן זיינע אויסגאַבעס אין דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

סוף אויגוסט 1928.


מ. ווײַנרייך
ז. רייזען

# אינהאַלט:

# עטלעכע טעכנישע באַמערקונגען

די אויפגאַבע, וועלכע די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט זיך געשטעלט, איז אַ צווייִקע. און אויב מיט דעם ערשטן טייל פון דער אויפגאַבע: רעגיסטראַציע פון ביכער און פעריאָדישע אויסגאַבעס, זיינען מיר פּאַרטיק געוואָרן כמעט אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט, זיינען מיר אָבער גאַנץ ווייט דערפון בנוגע דעם צווייטן טייל: רעגיסטראַציע פון דעם מאַטעריאַל פון פעריאָדישע אויסגאַבעס.

ערשטנס די אַזוי־גערופענע „אומאָפּהענגיקע" סיבות. צווייטנס איז אויסגעקומען שטאַרק צו מינטערן אונדזערע פּאַרלעגער און אַרויסגעבער, אויפקלערן זיי די וויכטיקייט פון דער אונטערגענומענער ביבליאָגראַפישער אַרבעט. און אַפילו ביי הייַנטיקן טאָג האַלטן מיר נאָך גאַנץ ווייט פון אַ קאָמפּלעט פון דער לויפנדיקער פעריאָדיקאַ אין יידיש. באַזונדערס זיינען מיר אָפּגעשטאַנען אין דער הינזיכט בנוגע דעם ראַטנפאַרבאַנד, פונוואַנען מיר האָבן, אַדאַנק דער וויכטיקער מיטהילף פון פריינד ז. ראַטנער־מאָסקווע, פולע רשימות פון ביכער און דעם מאַטעריאַל פון די זשורנאַלן, האָבן אָבער כמעט ווי גאָרניט פאַררעגיסטרירט פון דער טעגלעכער פרעסע. שוואַך איז אויך רעגיסטרירט דער מאַטעריאַל פון דער יידישער פרעסע אין ליטע.

דאָס וואָס טייל פעריאָדישע אויסגאַבעס זיינען אינגאַנצן ניט אַריינגעקומען אין דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע און טייל זיינען אָנגעקומען ניט סיסטעמאַטיש אָדער פאַרשפּעטיקט, האָט מיטגעבראַכט גרויסע דעפעקטן אין דער אַרבעט: עס האָט פּאַסירט, אַז מיר האָבן פאַרצייכנט דעם אָנהייב פון אַ ראָמאַן און ניט געהאַט דעם סוף, אָדער פאַרקערט; אַ סעריע אַרטיקלען איז ניט פאַרצייכנט געוואָרן אינגאַנצן, אָדער אַפילו פון איין אַרטיקל האָט געקענט אויסנבלייבן דער אָנהייב אָדער דער סוף. די קוואַליטע פון איבערדרוקן האָט אויך שטאַרק פאַרשווערט די אַרבעט. עס האָט זיך אָפט באַקומען, אַז אַן אַרטיקל אָדער דערציילונג, געדרוקט לאָמיר זאָגן סוף 1925 אין אַן אַמעריקאַנער בלאַט, איז ביי אונז פאַררעגיסטרירט געוואָרן אין אַ אייראָפּעיִשער צייטונג אין 1926, אָדער אַן אַרטיקל איז געדרוקט געוואָרן אין דעם ערשטן מקור טאַקע אין 1926, אָבער פאַרצייכענען האָבן מיר אים

געקענט בלויז אין דער צייטשריפט, ווו ער איז איבערגעדרוקט געוואָרן, ווייל צו דעם ערשטן מקור האָבן מיר ניט געקענט צוקומען. אַ געוויסע אומפּינקט־לעכקייט קען זיך אַרויסווייזן אויך צוליב דעם, וואָס פון אַ געוויסער צאָל צייטונגען באַקומען מיר ניט זייערע לאָקאַלע אויסגאַבעס, נאָר די (אָפט פאַרקלענערטע אָדער געענדערטע) פּאָסט־אויסגאַבעס.

און נאָך עפּעס: צוזאַמען מיטן איבערדרוקן ווערן אויך אָפט געביטן די קעפּלעך און אַפילו פאַרגרייזט די נעמען פון די מחברים. אויף דעם באָדן האָבן געקענט פאָרקומען טעותן. אויף וויפיל זיי זיינען באַמערקט געוואָרן, האָבן מיר זיי פאַרריכט אין דער רשימה פון באַמערקטע טעותן.

*

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס אַ טייל איז אויסגעבליבן, איז זיך דער מאַטעריאַל וואָס מיר האָבן יאָ פאַררעגיסטרירט אַזוי פונאַנדערגעוואַקסן, אַז מיר האָבן געמוזט זוכן מיטלען ווי אַזוי צו שפּאָרן פּלאַץ. אויפן ערשטן פּלאַן זיינען געווייַנטלעך געשטאַנען אָפּקירצונגען ביי טיטלען פון פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וועלכע חזרן זיך אָפט איבער. אָפּקירצונגען קענען אָבער ברענגען מער שאָדן ווי נוצן, ווען מען זאָל זיי אָנווענדן צו ראַדיקאַל, און דעריבער האָבן מיר די טיט־לען פון פּעריאָדישע אויסגאַבעס געקירצט אויף אַזאַ אופן, אַז דער לייענער זאָל זיך מער־ווייניקער אַליין קענען אָנשטויסן און זאָל ניט דאַרפן יעדעס מאָל זוכן דעם טייטש פון דער אָדער יענער אָפּקירצונג (זע אָפּקירצונגען אין יאָרבוך, ז׳ XXI). עס זיינען אויך געקירצט געוואָרן די נעמען פון חדשים און אייניקע אַנדערע ווערטער, אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געקענט איינברענגען אָנזעעוודיק פּלאַץ. מיר האָבן דעריבער געמוזט זיך אָפּזאָגן פון געבן די קעפּלעך פון לידער און פּאָעמעס און זיך באַגרענעצט בלויז מיטן אָנווייזן די צייטשריפט מיטן נומער (אָדער דאַטע) ווו דאָס ליד איז געדרוקט, בפרט אַז פיל לידער האָבן אויך ביים מחבר ניט קיין קעפּלעך.

די דאָזיקע ראַדיקאַלע רעפאָרם האָבן מיר דורכגעפירט נאָכן אויסזעצן די ערשטע זעקס בויגן בערך, אָבער אויך נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויב מיר וועלן אָנגיין ווייטער מיט דער לכתחילהדיקער סיסטעם פון געבן אַ נייע שורה פאַר יעדער נייער דערציילונג, אַרטיקל, אַפילו פון דעם זעלביקן מחבר, וועט זיך דאָס יאָרבוך פונאַנדערוואַקסן אויף 100 פּראָצענט גרעסער ווי מען האָט פון אָנהייב זיך פאָרגעשטעלט. פון דער אָפּטיילונג 335 (ז׳ 93) אָן זיינען דעריבער אַלע דערציילונגען אָדער אַרטיקלען פון איין מחבר געגעבן צוזאַמען. אמת, דער מאַטעריאַל האָט דערפון פאַרלאָרן אין איבערבליקלעכקייט, האָט אָבער געוווּנען אין קאָמפּאַקטקייט און — דער עיקר — די דאָזיקע ענדערונג האָט איינגעבראַכט אַ פינף בויגן, וואָס דאָס איז גאָר ניט קיין קלייניקייט ביי די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס יאָרבוך גייט אַרויס.

*

דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פונאַנדערגעשטעלט לויט דער דעצימאַלער סיסטעם

(זע אָפּטיילונגען פון דער דעצימאַלער סיסטעם, ז׳ XIX), אָבער ניט שטענדיק האָבן מיר געקענט גענוי נאָכקומען די כּללים פון דער דאָזיקער סיסטעם. בדרך־כּלל האָבן מיר זיך באַמיט דעם מאַטעריאַל צופיל ניט צו ברעקלען, און אויב אין אַ וועלכער עס איז אָפּטיילונג איז געווען גאָר אַ קליינע צאָל נומערן, איז זי צופאַרייניקט געוואָרן צו אַ פריערדיקער. אויב עס זיינען יאָ אויסגעטיילט געוואָרן גאָר קליינע אָפּטיי־לונגען, איז עס געטאָן געוואָרן אָדער כּדי אונטערצושטרייכן אַ באַזונדערס כאַ־ראַקטעריסטישע דערשיינונג, ווי למשל אין דער אָפּטיילונג 8 (ליטעראַטור, ז׳ 178), ווו די איבערזעצונגען זיינען דעטאַליזירט געוואָרן לויט די פאַרשיידענע שפּראַכן, אָדער דאַן, ווען דער געגעבענער מאַטעריאַל האָט געפאָדערט פאַר זיך שאַרף אָנגעצייכנטע גרענעצן, ווי למשל די אָפּטיילונגען 34 (רעכט, ז׳ 100) און 35 (אַד־מיניסטראַטיוו רעכט, ז׳ 100).

אייניקע אָפּטיילונגען האָבן מיר, כּדי ניט אַריינצופירן צו גרויסע אינדעקסן און צו פאַרגרינגערן דעם לייענער זיך אָריענטירן אין בוך, פונאַנדערגעטיילט אין אייגענע סוב־אָפּטיילונגען לויט א׳ ב׳ ג׳ אאַז״וו. מיר האָבן עס געטאָן ביי די אָפּטיילונגען:

323.1(=924) (נאַציאָנאַלע פראַגע ביי יידן, ז׳ 60), ווו די גרויסע מאַסע אַרטיקלען איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין פיר סוב־אָפּטיילונגען: אויטאָנאָמיע און קהילה, אַנטיסעמיטיזם, פּאַלעסטיניזם און ציוניזם, שפּראַכנפראַגע;

325 (קאָלאָניזאַציע, עמיגראַציע, אימיגראַציע, ז׳ 67), ווו ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן באַזונדער קאָלאָניזאַציע און עמיגראַציע־אימיגראַציע צוליב דעם ספּעציעלן אינטערעס, וואָס די פראַגן האָבן פאַר יידן;

329(=924) (פּאָליטישע פּאַרטייען ביי יידן, ז׳ 75), ווו דער מאַטעריאַל איז פונאַנדערגעשטעלט געוואָרן לויט די באַזונדערע פּאַרטייען;

792 (טעאַטער, ז׳ 148) און 792(=924) (טעאַטער ביי יידן, ז׳ 152), ווו מ׳האָט געמוזט פונאַנדערטיילן געשיכטע־קריטיק און רעצענזיעס. די גרענעץ צווישן אָט די צוויי סוב־אָפּטיילונגען האָט זיך אָפט ניט געלאָזט גענוי אָנצייכענען און דעריבער האָט געמוזט אָנגעווענדט ווערן די פאָרמעלע מאָס: אַרטיקלען, וואָס האָבן באַהאַנדלט וועלכע עס איז טעאַטער־אויפפירונג זיינען געגעבן געוואָרן אין דער סוב־אָפּטיילונג רעצענזיעס, מעגן זיי אַפילו האָבן געמאַכט ווייטע עקס־קורסן אין דער געשיכטע און קריטיק פון טעאַטער בכלל; אַרטיקלען ווידער און אַפילו קלענערע נאָטיצן וועגן אַרטיסטן אָדער טעאַטער בכלל, מעג זיין פון אַ קלענערן ווערט, האָבן געמוזט אַריינגעשטעלט ווערן אין דער סוב־אָפּטיילונג געשיכטע און קריטיק. קיין אַנדער אָ ב י ע ק ט י וו ע ר אויסוועג איז ניט געווען;

892.49 (יידישע ליטעראַטור, ז׳ 204), איינע פון די גרעסטע אין יאָרבוך, ווו דער גרויסער מאַטעריאַל איז געטיילט לויט געזאַמלטע ווערק, פּאָעזיע, דראַ־מאַטישע ווערק, פּראָזע.

אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער, וואָס זיינען אַרויס אין 1926, זיינען פאַרצייכנט

געוואָרן ביי די ביכער גופא, אַזוי אַז די דאָזיקע אַרטיקלען פיגורירן שוין ניט אין זייערע געהעריקע אָפּטיילונגען. די מחברים פון די אָפּהאַנדלונגען זיינען פאַרצייכנט אין דעם נעמען-רעגיסטער צום סוף פון בוך.

ביי זאַמלביכער איז דער אינהאַלט געגעבן תיכּף אויף אַן אָרט, און אין די באַזונדערע אָפּטיילונגען צו וועלכע דער מאַטעריאַל געהער איז אָנגעגעבן בלויז דער מחבר, מיט אַן אָפּשיק צום לויפנומער פון געהעריקן זאַמלבוך. למשל: די פאַרשיידענע אַרטיקלען פון לאַנדויבוך פיגורירן אין די געהעריקע אָפּטיילונגען פון יאָרבוך בלויז אונטערן נאָמען פון מחבר מיט אַן אָפּשיק צום נ' 85 (ז' 40). ביי פיל ביכער פון 1926 זיינען ניט אָנגעגעבן די אינהאַלטן; אין יאָרבוך פון 1927 וועט דער דאָזיקער דעפעקט ווי ווייט מעגלעך באַזייטיקט ווערן. צוליב טעכנישע שוועריקייטן, דערהויפּט אין אָנהייב פון דער רעגיסטריר-אַרבעט, איז אויך ביי טייל רעגיסטרירטן מאַטעריאַל ניט אָנגעוויזן, אויף וועלכע זייטן פון דער געהעריקער צייטשריפט ער איז געדרוקט.

ביי ביכער וואָס זיינען אַרויס אין 1927 (ז' 330) זיינען אינהאַלטן אינגאַנצן ניט געגעבן. אויך זיינען די ביכער ניט פונאַנדערגעשטעלט לויט די צוגעהעריקע אָפּטיילונגען, נאָר געגעבן לויטן א"ב, בלויז מיט דעם אינדעקס פון דער דעצימאַלער סיסטעם ביי יעדן בוך. דאָס איז דערפאַר, ווייל מיט דער דאָזיקער הוספה וועגן ביכער אין 1927 האָט די ביבליאָגראַפישע צענטראַלע געוואָלט געבן בלויז אַן אינפאָרמאַטיווע רשימה פון דער בוך-פּראָדוקציע אין יידיש אין 1927. די פולשטענדיקע באַאַרבעטונג און סיסטעמאַטיזירונג פון די דאָזיקע ביכער-רשימות וועט ערשט קומען אין יאָרבוך פון 1927.

די דרוקעריי ביי ביכער איז בדרך כּלל ניט אָנגעגעבן, סיידן דאַן, ווען אויפן בוך איז ניט אָנגעוויזן דער פאַרלאַג.

וואָס שייך דעם פאָרמאַט איז צוליב שפּאָרן פלאַץ דער געוויינטלעכער פאָרמאַט אינגאַנצן ניט אָנגעגעבן. יאָ אָנגעוויזן איז דער 16° און דער 4°. בנוגע דעם פאָרמאַט האָבן מיר זיך געהאַלטן אין פאָרמעלן פּרינציפּ פון דער הייך פון שער: ביז 15 צענטימעטער די הייך האָבן מיר אָנגענומען פאַר א 16° און העכער פון 25—אַלס א 4°, לויטן מאָדוס פון די פּרייסישע מלוכה-ביבליאָטעקן וועלכער איז אָנגענומען אויך אין אַנדערע לענדער.

א שטערנדל (*) פאַרן מחבר, טיטל פון בוך, פּעריאָדישע אויסגאַבע באַווייזט, אַז די ידיעות וועגן געגעבענעם בוך, פּעריאָדישער אויסגאַבע זיינען גענומען פון אַנדערע מקורים.

דער סימן // ביי די פּעריאָדישע אויסגאַבעס באַווייזט, אַז די ידיעות נאָך דעם זיינען גענומען פון דעם אָפיציעלן טייל פון דער אויסגאַבע.

אויסםדרנדיק דעם מאַטעריאַל אין די באַזונדערע אָפּטיילונגען לויטן א״ב, האָבן מיר דעם אַרטיקל (דער, די, דאָס, אַ, אַן) אינגאַנצן ניט גערעכנט. דאָס־גלייכן שטומע אותיות אינמיטן וואָרט. א י ד, י ו ד האָבן מיר געשטעלט אין י י ד. די ש ט אָ ט ביי פעריאָדישע אויסגאַבעס איז אָנגעגעבן אין אונדזער טראַנסקריפּציע. דאָסגלייכן די נעמען פון חדשים, למשל — ניט דזשולאַי, נאָר יולי.

קיינע שום פסעוודאָנימען, אַפילו אויפגעדעקטע פון פריער, זיינען אין יאָר־בוך ניט אויפגעדעקט געוואָרן.

אין זוכצעטל פון נעמען (ז' 393) זיינען אַריין נעמען פון פערזאָנען, פון אַנאָנימען, פון פעריאָדישע אויסגאַבעס, פאַרלאַגן און דרוקן.

מ. פּופּס

# אָפּטיילונגען פון דער דעצימאַלער סיסטעם אין יאָרבוך

## 0 ווערק פון אַלגעמיינעם אינהאַלט (ז' 35)



## 1 פילאָסאָפיע (ז' 47)



## 2 רעליגיע (ז' 51)



## 3 סאָציאַלע וויסנשאַפטן (ז' 56)

# אָפּקירצונגען

(די טיטלען פון פעריאָדישע אויסגאַבעס זיינען געגעבן אין אונדזער אָרטאָגראַפיע).

א״אָ — אָן אָרט
אד״וועגן — אויף די וועגן צו דער נייער שול (ז' 25)
או״בוך — אונדזער בוך (ז' 20)
או״האָפ — אונדזער האָפענונג (ז' 13)
או״וואָרט בוקאַר — אונדזער וואָרט-בוקאַרעשט (ז' 26)
או״וואָרט וואַר — אונדזער וואָרט-וואַרשע (ז' 16)
או״וועג בוקאַר — אונדזער וועג-בוקאַרעשט (ז' 26)
או״וועג וואַר — אונדזער וועג-וואַרשע (ז' 16)
או״וועג שעד — אונדזער וועג-שעדלעץ (ז' 8)
אָוו״קור — אָוונט-קוריער (ז' 7)
אָוו״שט — אָוועזשאַנעדער שטימע (ז' 4)
או״טבל — אונדזער טאָגבלאַט (ז' 7)
אויג — אויגוסט
אויפ — אויפקום (ז' 20)
או״צייט — אונדזער צייט (ז' 26)
או״שט טשענ — אונדזער שטימע-טשענסטאָכאָווע-וואַרשע (ז' 12)
או״שט נ״י — אונדזער שטימע-ניו-יאָרק (ז' 19)
או״שט כעלעם — אונדזער שטימע-כעלעם (ז' 9)
אָ״י — אָן יאָר
איי״טבל — איינטאָגבלאַט
איל״זש — אילוסטרירטער זשורנאַל (ז' 9)
אמער — אמעריקאַנער (ז' 18)
אַפּ — אַפּריל
אפריק — אַפריקאַנער (ז' 5)
אָקט — אָקטאָבער
ארב״ביול — אַרבעטעררינג-שולביולעטען (ז' 20)
ארב״וועלט — נייע אַרבעטער-וועלט (ז' 11)
ארב״צט וואַר — אַרבעטער-צייטונג-וואַרשע (ז' 9)
אַרב״צט טשענ — אַרבעטער-צייטונג-טשענסטאָכאָוו (ז' 9)
אַרב״צט טשער — אַרבעטער-צייטונג-טשערנאָוויץ (ז' 26)
אַרב״שט — אַרבעטער-שטימע (ז' 23)
ארויסג — ארויסגעבער
באַפּ — באַפרייאונג-אַרבעטערשטימע (ז' 9)
ביאַל״שט — ביאַליסטאָקער שטימע (ז' 20)
ביב״ייד״היס — ביבליאָטעק יידישע היסנשאַפט (ז' 27)
בלעטער — בלעטער פאַר פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם, קולטור, ליטעראַטור און קונסט (ז' 20)
בית-יעקב — פאַמיליענזשורנאַל בית-יעקב (ז' 15)
גער — גערעכטיקייט (ז' 18)
גראָד״מאָמ — גראָדנער מאָמענט (ז' 7)
גרינ״בוימ — גרינינקע ביימעלעך (ז' 14)
ד״אמער — דרום-אַמעריקע (ז' 4)
דעצ — דעצעמבער
וואָלינ״וואָך — וואָלינער וואָך (ז' 10)
וואָלינ״לעבן — וואָלינער לעבן (ז' 8)
וואָלק״לעבן — וואָלקאָוויסקער לעבן (ז' 10)
וואָרט — וואָרט-ווילנע (ז' 10)
וואָרט לעמ — וואָרט-לעמבערג (ז' 10)
וואַרש״עקס — וואַרשעווער עקספּרעס (ז' 7)
וואַרש״ראַדיאָ — וואַרשעווער ראַדיאָ (ז' 7)
וויל״טאָג — ווילנער טאָג (ז' 7)
וולאָצ״וובל — וולאָצלאַווקער וואָכנבלאַט (ז' 10)
זאַג״צט — זאַגלעמביער צייטונג (ז' 10)
ח״ב צום העתיד — חודש-בייליגע צום העתיד (ז' 14)
ט״שטערן — טעאַטער-שטערן (ז' 19)

יאַנ — יאַנואַר
י״ג — יאָרגאַנג
יוג״וועק — יוגנט־וועקער (ז' 14)
יוג״זש — יוגנט־זשורנאַל (ז' 21)
יוג״קר — יוגנט־קרעפטן (ז' 14)
יונגוו — יונגוואַלד (ז' 25)
ייד״אַרב — יידישער אַרבעטער (ז' 19)
ייד״אַרב״שט וואַר — יידישע אַרבעטער־שטימע־וואַרשע (ז' 13)
ייד״אַרב״שט נ״י — יידישע אַרבעטער־שטימע־ניו־יאָרק (ז' 21)
ייד״ווכל בענדין — יידישע וואָכנבלאַט־בענדין (ז' 10)
ייד״ווכל ריגאָ — יידישע וואָכנבלאַט־ריגאָ (ז' 5)
ייד״וואָרט — יידישע וואָרט־וויניפּעג (ז' 23)
ייד״וואָרט קראָקע — יידישע וואָרט־קראָקע (ז' 11)
ייד״וועלט — יידישע וועלט־פילאַדעלפיע (ז' 17)
ייד״וועלט קליוו — יידישע וועלט־קליוולאַנד (ז' 17)
ייד״זש — יידישער זשורנאַל (ז' 23)
ייד״טבל — יידישעס טאָגעבלאַט (ז' 17)
ייד״עמיג — יידישע עמיגראַציע (ז' 5)
ייד״עקס — יידישער עקספּרעס (ז' 6)
ייד״פויער — יידישער פּויער (ז' 25)
ייד״פאָלק — יידישע פאָלק (ז' 18)
ייד״פיל — יידישע פילאָלאָגיע (ז' 27)
ייד״פירער — יידישער פירער (ז' 19)
ייד״צט — יידישע צייטונג (ז' 3)
ייד״קור — יידישער קוריער־שיקאַגאָ (ז' 17)
ייד״קור ביאַל — יידישער קוריער־ביאַליסטאָק (ז' 11)
ייוו״א — יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
לאָ״חעק — לאָדזשער חעקער (ז' 11)
לאָ״טבל — לאָדזשער טאָגעבלאַט (ז' 8)
לאָמ״שט — לאָמזשער שטימע (ז' 15)
לוב״טבל — לובלינער טאָגבלאַט (ז' 8)
ליט״בל — ליטעראַרישע בלעטער (ז' 11)
ליט״יוםבל — ליטעראַרישע יום־טוב־בלעטער
ליט״רעווי — ליטעראַרישע רעוויו
מאָ״זש — מאָרגן־זשורנאַל (ז' 17)
מאָמ — מאָמענט (ז' 8)
מע״ווכל — מעזריטשער וואָכנבלאַט (ז' 11)
מינ״יוםבל — מיניקעס יום־טוב־בלעטער (ז' 22)
נאָוו — נאָוועמבער
נ״חינטן — נייע חינטן (ז' 15)
נ״טבל — נייע טאָגבלאַט — דער מאָרגן (ז' 8)
נ״י — ניו־יאָרק

נ״לעבן — נייע לעבן־ביאַליסטאָק (ז' 8)
נ״לעבן טשער — נייע לעבן־טשערנאָוויץ (ז' 26)
נ״פבל — נייער פאָלקסבלאַט (ז' 8)
נ״שול — נייע שול (ז' 16)
סעפּט — סעפּטעמבער
עא״אַרבעט — ערד און אַרבעט (ז' 26)
פאָל״שט — פאָלעסער שטימע (ז' 12)
פּאַריז״בל — פּאַריזער בלעטער (ז' 22)
פּאַריז״היינט — פּאַריזער היינט (ז' 23)
פּעטריק״וועקער — פּעטריקאָווער וועקער (ז' 12)
פ' רעד — פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר
פא״לאַנד — פאָלק און לאַנד (ז' 13)
פא״פּ — פאַרן פאָלק (ז' 20)
פאַרב — פאַרבאַנד (ז' 21)
פאָרוו — פאָרווערטס (ז' 17)
פ״געז — פאָלקסגעזונט (ז' 13)
פעב — פעברואַר
פ״צט — פאָלקסצייטונג (ז' 8)
פר״אַרב״שט — פרייע אַרבעטער־שטימע (ז' 19)
פריי — פרייהייט־ניו־יאָרק (ז' 17)
פריי וואַר — פרייהייט־וואַרשע (ז' 15)
פריי״אַלמ — „פרייהייט״־אַלמאַנאַך
פרימ — פרימאָרגן (ז' 6)
פר״יוג — פרייע יוגנט (ז' 15)
צוק — צוקונפט (ז' 21)
ציונ״בל — ציוניסטישע בלעטער (ז' 13)
צייט וויל — צייט־ווילנע (ז' 8)
צייט לאָנ — צייט־לאָנדאָן (ז' 6)
צייט פּעט — צייט־פּעטריקאָוו (ז' 12)
קאָ״באַוו — קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג (ז' 15)
קאָ״וואָרט — קאָאָפּעראַטיווע וואָרט (ז' 27)
קאַנאַד״ווכל — קאַנאַדער וואָכנבלאַט (ז' 24)
קאַנאַד״ייד — קאַנאַדער ייד (ז' 23)
קול — קולטור (ז' 19)
קענעד״אָד — קענעדער אָדלער (ז' 23)
קק״ל — קרן קימת לישראל (ז' 16)
ראַד״לעבן — ראַדאָמער און קעלצער לעבן (ז' 12)
ראָזאַר״ווכל — ראָזאַריער וואָכנבלאַט (ז' 4)
ר״וועלט — רויטע וועלט (ז' 26)
ריאָ — ריאָ דע זשאַנייראָ
רעד — רעדאַקטאָר
סטערן כאַר — שטערן־כאַרקאָוו (ז' 24)
סטערן מינ — שטערן־מינסק (ז' 26)
שעד״ווכל — שעדלעצער וואָכנבלאַט (ז' 12)
שפּראַכ — שפּראַכצונגען (ז' 16)

# באַמערקטע טעותן

ז׳ 95. באָגען, ד: מאַקס 〈מאַטעס〉 גאָלד־שטיין... שוין איינמאָל פאַררעגיסטרירט אין דער אַפּטיילונג 331(=924) (ז׳ 88)

ז׳ 122. קוסטין, חנא: ר׳ איטשע בעל בטחון. שוין איינמאָל פאַררעגיסטרירט אין: 892.49 ד. (ז׳ 250).

ז׳ 125. סאַפּיר, ישעיהו: פעלט דער טיטל פון דער נאָטיץ: אוקראַאינישע ווערטער אין יידיש.

ז׳ 155. בורשטיין, א. [גורשטיין, א.]: א פראַנצויזישער רייזנדער וועגן גאָלדפאַדנס טעאַטער. שוין פאַררעגיסטרירט איינמאָל אונטער גורשטיין, א. (ז׳ 156).

ז׳ 171. מאַרעוווסקי, א: „הדבוק" ביי נאָוואָשטשי. געהערט צו דער אַפּטיילונג 792.

ז׳ 173. ניימאַן, י. מ: „הבימה" איינפלוס אויף דער פוילישער ביהנע. געהערט צו 792.

ז׳ 175. קאַפּלאַן, פסח: דער נס זאָל ווערן רעאַליטעט. געהערט צו 792(=924) א.

ז׳ 177. רעגענסבערג, ס: „שייקע" דער טעאַטער קריטיקער. געהערט צו 792(=924) א.

ז׳ 206. 3 טעאַטער־לידער. געהערט צו 891.85.

ז׳ 223. בערגמאַן, אליעזר: קאָצקער מעשיות. ארויס אין 1925.

ז׳ 224. גרינבערג, י. פ: פון בלוטיקן פעלד. ארויס אין 1924—1925.

— דודל לאָדזער: דער מדקדק פון פורים. געהערט צו דער רשימה פון די איינטאָגבלעטער. (ז׳ 29).

— זשיטניק א. י: די אידען אין סאָוועט־רוסלאַנד. 1־טער בוך. ארויס אין 1925.

ז׳ 226. ספר חכמת שלמה המלך. געהערט צו 892.4.

— די תורה פון דניאל אין לייבענגרוב. געהערט צו 892.4.

ז׳ 229. דער אָפּשיק ביי דוד איגנאַטאָוו צו נ׳ 230 (שריפטן־נ״י) דאַרף זיין אין 895.6.

ז׳ 232. בלאָק, פויל: דער באָקסער מיטן הייכן הארץ. געהערט צו 83.

ז׳ 241. ביזען, יצחק: „די געשטופעלטע" אין „יידישן זשורנאַל" (טאָראָנטאָ) איז גלייכצייטיק אָפּגעדרוקט אין דער „יידישער וועלט" (פילאַדעלפיע) אונטער ביזען, יצחק (ז׳ 232).

ז׳ 251. קרויגפעלד, ב.: דער קראָקאָלפנער מאַנטל. געהערט צו 892.49 ב.

ז׳ 254. שטריימאַן, י. ב.: צוריק צום פעלד. געהערט צו 892.49 ב.

ז׳ 267. ליכטענשטיין, י[שראל]. דער ארטיקל: משה נאַדירישקייט [אזוי!] געהערט צו יצחק ליכטענשטיין.

ז׳ 280. אלבערטאָן, מ: פסולעס. געהערט צו 892.49 ד.

ז׳ 281. קרישנאַמורטי, דזשעדי: פון א הימן. געהערט צו 891.4.

ז׳ 287 קלינאָוו, י: נייע מאַטעריאַלן וועגן דעם לעגענדאַרישען אידישען קעניג אין פוילען—שאול וואהל. געהערט צו (924)=9.

ז׳ 320. ידיעות פון יידישן סטודענטן־פאַרבאַנד אין דייטשלאַנד. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן ארויס נאָך אין 1926.

ז׳ 353. יידישע שול־אָרגאַניזאַציע. שוין איינמאָל פאַררעגיסטרירט א״נ: די צווייטע יידישע לערער־קאָנפערענץ (ז׳ 372).

ז׳ 381. שטיינבערג, נח: קריטיק. ארויס אין 1926.

ז׳ 407. אָנשטאָט האָפּמאַן, ריטשארד בער דאַרף זיין: בער־האָפּמאַן, ריטשארד.

פּעריאָדישע אויסגאַבעס און
איינגעטאָגבלעטער אין 1926

# ז. פעריאָדישע אויסגאַבעס

## אורוגוואַי

**אונזער לעבען**, אידישער וואָכענבלאַט אין מאָנטעווידעאָ. איינציגע אידישע צייטונג אין אורוגוואַי. 2 י״ג. רעד׳ י. מאַלינאָוו. אַרויסג׳ קאָאָפּעראַטיווע „אונזער לעבען“. 40×60.

„Unzer Leben“, Cunapiru 1692, Montevideo. [1]

## אַרגענטינע

### טעגלעך:

**די אידישע צייטונג**, בוענאָס איירעס. עלטסטע און פאַרשפּרייטסטע אידישע צייטונג אין זיד־אַמעריקע. 12 י״ג. דירעקטאָר M. Stoliar. 42×57.

El Diario Israelita, Larrea 331, Buenos Aires. [2]

**די פּרעסע**, בוענאָס איירעס. דערשיינט 7 מאָל אין וואָך. 9 י״ג. אַרויסג׳ אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע „די פּרעסע“. 36×55.

Di Presse, Castelli 360, Buenos Aires. [3]

### וועכנטלעך:

**דאָס אַרבעטער וואָרט**, בוענאָס איירעס. אָרגאַן פון דער י. ק. פּ. <פּועלי ציון> אין אַרגענטינע. 3 י״ג. 27×40.

Dos Arbeter Wort, Valentin Gomez 2623, Buenos Aires. [4]

**הומאָר און ערנסט**, בוענאָס איירעס. וועכענטליכער אילוסטרירטער זשורנאַל. ערשיינט אַלע פרייטאָג. 19×28.

[נ׳ 1—יאַנ׳ 22]

Humor un Ernst, Valentin Gomez 2719, Buenos Aires. [5]

**די וואָך פון אידישן געזעלשאַפטלעכן פאָלקס־טעאַטער אין אַרגענטינע**, בוענאָס איירעס. רעדאַגירט פון דער קולטור־קאָמיסיע. ווערט געשיקט פריי פון אָפּצאָל יעדן איינעם, וואָס מעלדעט מונדלעך אָדער שריפטלעך זיין אַדרעס אין טעאַטער „אידעאַל“.

[נ׳ 1—סעפּט׳ 14]

La Semana, Parana 426, Buenos Aires. [6]

**די אידישע האַנדעלס־וואָך**, בוענאָס איירעס. וואָכענשריפט פאַר די אינטערעסען פון דער אידישער קאָאָפּעראַציע, קאָמערץ, אינדוסטריע און אַגריקולטור. דער איינציגער קאָמערציעלער אָרגאַן אין אידיש אין גאַנץ זיד־אַמעריקאַ. ערשיינט אַלע פרייטאָג. 3 י״ג. דירעקטאָר ב. אָלשאַנסקי. 29×40.

La Semana Comercial Israelita, Bme. Mitre 1876, Buenos Aires. [7]

**די אידישע וועלט**, בוענאָס איירעס. אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע. רעדאַגירט פון אַ פּרעס־קאָמיסיאָן. 10 י״ג. 29×40.

Di Idische Welt, Tucuman 1646, Buenos Aires. [8]

**פּנים׳ער און פּנים׳לאַך**, בוענאָס איירעס. ווע-

כענטליכער אילוסטרירטער זשורנאַל. ערשיינט אַלע פרייטאָג. 4 י״ג. אַרויסג׳ אידיש אַרגענטינער פאַרלאַג געזעלשאַפט. 20×28.
Caras y Caritas, Valentin Gomez
[9] 2719, Buenos Aires.

ראָזאַריער וואָכענבלאַט, ראָזאַריאָ. איינציגע לאָקאַלע אידישע אויסגאַבע. רעדאַקטאָר-פאַרוואַלטער י. מ. שענדעריי. געגרינדעט דורך י. פּלעכער. 3 י״ג. 33×52.
Semanario Israelita, Pje. Ricardone
[10] 162, Rosario.

*רויטער שטערן, בוענאָס איירעס. וועכנטלעכער אָרגאַן בא דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַרגענטינע.
[יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן]
Roiter Stern, Estados Unidos 1525,
[11] S. Levinson, Buenos Aires.

## זעלטענער ווי איינמאָל אַ וואָך:

אַוועזשאַנעדער שטימע, אַוועזשאַנעדאַ. איינציגע אידישע אויסגאַבע געווידמעט די קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע אינטערעסן פון אַוועזשאַנעדאַ. ערשיינט דעם 1-טען און יעדן 15 מאָנאַט. 3 י״ג. רעד׳ און אַרויסג׳ מאַנועל שטילמאַן. 30×41.
La Voz de Avellaneda, Suarez 183,
[12] Avellaneda.

דער אַקטיאָר, בוענאָס איירעס. אָרגאַן פון אידישן אַקטיאָרן פאַריין אין אַרגענטינע. 30×40.
[נ׳ 1—יוני 29; נ׳ 5 (לעצטער) סעפּט׳ 28]
El Aktor, Larrea 436, Buenos Aires.
[13]

דרום-אַמעריקע, בוענאָס איירעס. חודש-זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור-פראַגן. רעד׳ ה. בלאָשטיין. אַרויסג׳ פאַרלאַג „דרום-אַמעריקע״. 18×26.
[נ׳ 1—יאַנואַר]
Dorem Amerique, Corrientes 2409,
[14] Buenos Aires.

דער מעבל אַרבעטער, בוענאָס איירעס. אָרגאַן פון אַרבעטער-סינדיקאַט פון מעבל אינדוסטריע.
[יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן] 29×41.
Accion Obrera, Rioja 835, Buenos
[15] Aires.

די פען, בוענאָס איירעס. אילוסטרירטער חודש-זשורנאַל. 2 י״ג. 27×36.
[פון נ׳ 18—וועכנטלעך. אָרגאַן פון פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן אין אַרגענטינע]
Di Pen, Azcuenaga 363, Buenos Aires.
[16]

קאָלאָניסט קאָאָפּעראַטאָר, דאָמינגעז. אָרגאַן פון פאַנדאָ קאָמונאַל, סאָסעידאַד קאָאָפּעראַטיווע אַגריקאָלאַ. [יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן. 8 י״ג] 17×24.
El Colono Cooperador, Dominguez,
[17] Entre Rios.

רויטע פאָן, בוענאָס איירעס. אָרגאַן פון דער איד. קאָמ. גרופּע. 1 י״ג. 29×40.
Roite Fon, Victoria 2485, Buenos
[18] Aires.

*שטרעבונגען, בוענאָס איירעס. מאָנאַטלעכער ליטעראַריש-פּובליציסטישער זשורנאַל. אַרויסגעגעבן דורך דעם נאַצ. קולטור צענטער ח. נ. ביאַליק. רעדאַגירט פון דער קולטור-קאָמיסיע. 1 י״ג. 18×27.
Strebungen, Munecas 938, Buenos
Aires.
[19] [לויט נומ׳ 2, 1927]

## אומבאַוואוסט ווי אָפט:

[20] *די טריבונע, מאָזעסוויל [?]

# ארץ-ישראל

## וועכנטלעך:

*קפא״י ידיעות, תל-אביב. 1 י״ג. פּאַלעסטינאַ אַרבעטער-פאָנד. 21×35.
[געדרוקט אויף אַ ראָטאַטאָר]
The Palestine Workers Fund, P. O.
[21] B. 15, Tel-Aviv.

## זעלטענער ווי איין מאָל אַ וואָך:

אונזער פאָנד, ירושלים. ביולעטין פון דער

הויפּט-ביוראָ פון דעם אידישען נאַציאָנאַל-פאָנד אין ירושלים. [יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן] 22×30.
[22]

ארץ-ישראל קאָרעספּאָנדענץ, ירושלים. אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און דעם הויפּט-ביוראָ פון קרן קימת לישראל אין ירושלים. 3 י״ג. 22×30.
[23] [ני׳ 1—49 אָקטאָבער]

פּאַרוויס, [שטאָט ניט אָנגעוויזן] אָרגאַן פון צ. ק. פון פּ. ק. פּ. (סעקציע פון קאָמינטערן). 16×24.
[24] [ני׳ 2—יולי]

## בעלגיע

יודישע פּרעסע, אַנטווערפּען—ברוסעל. אומ-פּאַרטייאיש וואָכנבלאַט. 2 י״ג. // אַרויסג׳ ברי-דער יאַקאָבאָוויטש. 32×50.
La Presse Juive, Rue Terlist 43, Anvers.
[25]

## בראַזיל

דאָס אידישע וואָכנבלאַט, ריאָ דע זשאַ-נעיראָ. דערשיינט יעדן פרייטאָג. 4 י״ג. רע-דאַקטאָר-אַרויסגעבער: אהרן קויפמאַן. 28×38.
O Semanario Israelita, Rua Sant Anna 64, Rio de Janeiro.
[26]

## דייטשלאַנד

די אידישע עמיגראַציע, בערלין. אָרגאַן פונם אידישן עמיגראַציע-פאַרבאַנד („עמיגדי-רעקט“). 2 י״ג. 16×23.
Die Jüdische Emigration, Lützowplatz 1, Berlin W. 62.
[27]

„אָרט“-ידיעות, בערלין. אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג פונם פאַרבאַנד פאַר מלאכה און ערד-אַרבעט בײַ יידן („אָרט“). 23×29.
Gesellschaft „Ort“, Bülowstrasse 90, Berlin W. 57.
[28]

## דרום-אַפריקע

דער אַפריקאַנער, יאָהאַנעסבורג. דער איינ-ציגער אידישער, וועכנטליכער זשורנאַל פיר פּאָליטיק, ליטעראַטור און וויסענשאַפט. 16 י״ג. 21×32.
The „African Jewish World“, P. O. Box 4263, Johannesburg.
[29]

## טשעכאָסלאָוואַקיע

דאָס יודישע פאָלקסבלאַט, מונקאַטש. אומ-פּאַרטייאיש וואָכנבלאַט. ערשיינט יעדן פריי-טאָג. 3 י״ג. 31×47.
Das Jüdische Volksblatt, Rakoczy ul. 1, Mukacevo.
[30]

מונקאַטשער הומאָריסט, מונקאַטש. פאָן: אשר זעליג ווייס. ערשיינט יעדן מיטוואָך. 3 י״ג. 24×32.
Meisels Bernat, Sugar-g. 3, Munkacs.
[31]

## ליטע

### טעגלעך:

די אידישע שטימע, קאָוונע. ערשיינט ביי דער נאָנטסטער מיטאַרבעט פון י. א. לייזעראָוויטש, מ. קליינמאַן, י. ראָבינזאָן און ר. רובינשטיין. 8 י״ג.
Żydu Balsas, Ożeśkienes 5, Kaunas.
[32]

קאָוונער טאָג, קאָוונע. אומאָפּהענגיקע פאָלקס-טימלעכע צייטונג. // פ׳ רעד׳ ל. זינגמאַן. אַרויסג׳ באַק און זינגמאַן. 32×48.
[ני׳ 1 — אַפּריל 30; ני׳ 77 (לעצטער) — אויגוסט 28]
Kovner Tog, Duonelaicio g-ve 42, Kaunas.
[33]

*קאָוונער צייט, קאָוונע. 1 י״ג // רעד׳-אַרויס׳ ש. גאָן. 34×49.
[דערשינען פון 30 דעצעמבער 1925 ביז 15 מאַי 1926—110 נומערן]
[34] [פריוואַטע מיטטיילונג]

### וועכנטלעך:

אונזער וועג, קאָוונע. אָרגאַן פון ציוניסטיש-

סאָציאַליסטישן געדאַנק. 4 י״ג. // רעדאַקטאָר
Israelis Londonas. 34×50.
Red. „Musu Kelias", Luksio g-ve 19,
[35] Kaunas.

*אַרבעטער לעבן, קאָונע. װעכנטלעכע צײַטונג. 1 י״ג. 32×48.
[36] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

אַרבעטער צײַטונג, קאָונע. [יאָרגאַנג ניט אָנגעװיזן. נ׳ 4 (44) פֿון סעפּטעמבער 17]
// רעד׳-אַרויסג׳ H. Zaksaite 32×48.
H. Zaksaite, Luksio 12b, Kaunas.
[37]

*אידישער לעבן, קאָונע. [רעד׳ ד״ר האַלבערג. אַרויסג׳ אַגודת ישראל און צעירי ישראל]
[38] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

נײַס, קאָונע. 6 י״ג. // רעד׳ ח. ראַפּאַלאָװיטש. אַרויסג׳ ייִדישע פֿאָלקס-פּאַרטײ אין ליטע. 24×32.
Knygynas „Licht" del „Nais",
[39] Kaunas.

## אומבאַװאוסט װי אָפֿט:

*אונזער צײַטונג, קאָונע. 1 י״ג. [רעד׳ זעטעל. אַרויסג׳ פּראָפּאַרײַן. דערשינען 3 נומערן]
[40] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

*אונזער רוף, קאָונע. [רעד׳ טרויב. אַרויסג׳ התאחדות צ״צ]
[41] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

*דער בעל מלאכה, קאָונע. [רעד׳ גורװיטש]
[42] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

*יוגנט-שטימע, קאָונע. [אַרויסגאַבע פֿון דער צ. ס. יוגנט]
[43] [פּריװאַטע מיטטײלונג]

# לעטלאַנד

## טעגלעך:

דאָס פֿאָלק, ריגע. טעגלעכע דעמאָקראַטישע צײַטונג, אונטער דער רעדאַקציע פֿון װ. לאַצקי-בערטאָלדי און י. שעכטמאַן. 7 י״ג. // רעד׳ מ. זעלמאַנאָװיטש. אַרויסג׳ פ׳ „פֿאַרן פֿאָלק". 35×52. [און משך פֿון יאָר האָט דך די קאָפּנשורה געענדערט אויף: „... צײַטונג געגרינדעט פֿון אַבראַהם בעקער און יעקב ראָף"]
[44] Dos Folk, Vecpilseta 8, Riga.

פֿרימאָרגן, ריגע. // פּ׳ רעד׳ ז. גאָרפֿינקל. אַרויסג׳ פֿאַרלאַגס-געז׳ „פֿרימאָרגן". 34×53.
[נ׳ 1—יאַנואַר 17]
Red. „Frimorgn", Dzirnavu iela 57,
[45] Riga.

## מאָנאַטלעך:

אונזער טעאַטער, ריגע. [מאָנאַטלעכער] זשורנאַל פֿאַר טעאַטער און קונסט אונטער דער רעדאַקציע פֿון י. ראָזענבוים. 15×22.
[נ׳ 1—נאָװ׳, נ׳ 2 (לעצטער)—דעצ׳]
J. Rozenbaum, Elijas iela 7, dz. 6,
[46] Riga.

## אומבאַװאוסט װי אָפֿט:

בולעטין, ריגע. אַ פּעריאָדישער אינפֿאָרמאַציאָנס און אינסטרוקציאָנס בלעטל, אַרויסגעלאָזן באַם מרכז „החלוץ" אין לעטלאַנד. 22×37.
[נ׳ 2—יאַנ׳ 21. געדרוקט אויף אַ שאַפּיראָגראַף]
[47]

# ענגלאַנד

## טעגלעך:

אָבענד נײַעס, לאָנדאָן. 12 י״ג. 32×50.
The Jewish Evening News, 325
[48] Whitechapel Rd., London E. 1.

אידישע פּאָסט און עקספּרעס, לאָנדאָן. 45×58.
[נ׳ 1—אָקט׳ 8]
Jewish Post, 84a, High Street,
[49] Whitechapel, London E. 1.

דער אידישער עקספּרעס, לאָנדאָן. [יאָרגאַנג ניט אָנגעװיזן] 45×58.
[אויפֿגעהערט אַרויסצוגײן אין אָקטאָבער]
Jewish Express, 89 Commercial st.,
[50] London E. 1.

די צײַט, לאָנדאָן. די לײַטענדע אידישע טעג-

ליכע צייטונג אין ענגלאַנד. רעד׳ מאָררים מייער. 13 י״ג. 44×57.

The Jewish Times, 325 Whitechapel Road, London E. I. [51]

## וועכנטלעך:

**דער פאַמיליען־פריינד**, לאָנדאָן. די איינ־ציגע אידישע אומפאַרטייאישע וואָכענצייטונג אין ענגלאַנד. אַרויסגעגעבען פון ב. וויינבערג. 6 י״ג. 32×52.

[נ׳ 195 (לעצטער) אפּריל 30]

B. Weinberg, 138, Brick Lane, London E. I. [52]

# עסטרייך

## אומבאַוואוסט ווי אָפט:

***ווינער פאָלקסבלאַט**, ווין.
[פּריוואַטע מיטטיילונג] [53]

***יידישע מאָרגענפּאָסט**, ווין. 10 י״ג.
[פּריוואַטע מיטטיילונג] [54]

***לוח.**
[בלעטער פון דער אַגודת־ישראל־יוגנטגרופּע]
[פּריוואַטע מיטטיילונג] [55]

# פוילן

## טעגלעך.

**אָוונט קוריער**, ווילנע. אומפּאַרטייאישע אָוונט צייטונג. 3 י״ג. // רעד׳ א. י. גראָדזענסקי. אַרויסג׳ בר. ראָזנטאַל. 34×44.

Red. „Owent Kurjer", Rudnicka 7, Wilno. [56]

**אונזער טאָגבלאַט**, לאָדז. אומאָפּהענגיגער פּאָ־ליטישער און ליטעראַרישער אָרגאַן. 2 י״ג. // פ׳ רעד׳ און אַרויסג׳ Izaak Dawidowicz. 35×49.

[אויפגעהערט דערשיינען]

„Unzer Togblat", Piotrkowska 20, Łódź. [57]

**אונזער פאָלקסצייטונג**, וואַרשע. 4 י״ג. // רעד׳־אַרויסג׳ Sz. Zygielbojm. 37×52.

[נ׳ 13 (לעצטער, 817 זינט דעם 1טן נו־מער)—יאַנ׳ 15]

Unzer Folkscajtung, Skrz. poczt. 27, Nowolipie 7, Warszawa. [58]

**גראָדנער מאָמענט**, גראָדנע. 3 י״ג. // פ׳ רעד׳ O. Garbulski. 27×37.

„Grodner Moment", Skrz. poczt. 23, Dominikańska 18, Grodno. [59]

**היינט**, וואַרשע. [ערשטער יאָרגאַנג 1908] // רעד׳ J. Grawicki. אַר׳ N. Finkelsztejn. 37×53.

„Hajnt", Skrz. poczt. 350, Warszawa. [60]

**וואַרשאַווער עקספּרעס**, וואַרשע. // אַרויסג׳ און פ׳ רעד׳ M. Goldberg.

[נ׳ 1—אויג׳ 25]

Red. „Warszawer Express", Dzika 1, Warszawa. [61]

**וואַרשאַווער ראַדיאָ**, וואַרשע. מיטאָגבלאַט פון מאָמענט. 3 י״ג. // רעד׳ צבי פּרילוצקי. אַרויסג׳ פאַרלאַגס־געזעלשאַפט „יודישע פּרעסע". 27×37.

Warsz. Radio, Nalewki 38, Warszawa. [62]

**ווילנער טאָג**, ווילנע. אומאָפּהענגיקע יידישע צייטונג. 1 י״ג. // רעד׳ זלמן רייזען. אַרויסג׳ א. קונין. 35×50.

Wilner Tog, Zawalna 32, Wilno. [63]

**טאָגבלאַט**, לעמבערג. ערשיינט אין דער פריה חוץ שבת און יום טוב. 23 י״ג. // פ׳ רעד׳ Adolf Rothfeld. אַרויסג׳ פאַרלאַג־געזעלשאַפט „Togblatt". 35×49.

[אויפגעהערט דערשיינען אין סעפּטעמבער]

[64] „Togblatt", Lindego 7, Lwów.

**יוד**, וואַרשע. צענטראַל־אָרגאַן פאַר די אינטע־רעסען פון אָרטאָדאָקסישען יודענטום. ערשיינט יעדען 2־טען טאָג. 8 י״ג. // רעד׳־אַרויסג׳ Sz. B. Kaminer. 32×49.

[פון נאָוו׳ 1 דערשיינט טעגלעך. פ׳ רעד׳

אַרויסג׳ פֿאַרלאַג געזעלשאַפֿט H. Broder. „Izrael" 38×52]
Wyd. Der Jud, Skrz. poczt. 11,
[65] Warszawa.

**לאָדזער טאָגעבלאַט**, לאָדז. 19 י״ג. // רעדי-אַרויסג׳ E. Hamburski. 40×57.
Red. „Lodzer Tageblat", Piotrkowska
[66] 16, Łódź.

**לובלינער טאָגבלאַט**, לובלין. 9 י״ג. // רעדי-אַרויסג׳ H. Kohen. 29×39.
Lubliner Tugblat, Bernardyńska 20,
[67] Lublin.

**דער מאָמענט**, ווארשע. 17 י״ג. // רעדי צבי פּרילוצקי. אַרויסג׳ פֿאַרלאַגס-געזעלשאַפֿט „יודישע פּרעסע". 37×53.
Der Moment, Skrzynka poczt. 29,
[68] Nalewki 38, Warszawa.

**דער מאָרגען.**
זע: דאָס נייע טאָגבלאַט—דער מאָרגען [69]
[a68]

**דאָס נייע טאָגבלאַט — דער מאָרגען**, לעמבערג. רעדאַקציע קאָמיטעט: דעפּ׳ ד״ר א. אינזלער, דעפּ׳ מ. פֿראָסטיג, סענ׳ ד״ר פּ. ראָ-טענשטרייך, סענ׳ ד״ר מ. רינגעל, דעפּ׳ ד״ר צ. שרייבער. שעף רעדאַקטאָר מ. פֿראָסטיג. // פּ׳ רעדי Dr. Henryk Landesberg. אַרויסג׳ גצז׳ „Wschód". [נ׳ 1—נאָוו׳ 4]
Der morgen, Lindego 7, Lwów.
[69]

**דאָס נייע לעבן**, ביאַליסטאָק. 8 י״ג. // רעדי Pejsach Kapłan. אַרויסג׳ Aron Albek. 35×50
Red. „Dos Naje Leben", Kilińskiego
[70] 17, Białystok.

**נייע פֿאָלקסצייטונג**, ווארשע. // פּ׳ רעדי Wiktor Alter. 37×52.
[נ׳ 1—יאַנואַר 19]
„Naje Folkscajtung", Skrzyn. poczt.
[71] 27, Nowolipie 7, Warszawa.

**נייער פֿאָלקסבלאַט**, לאָדז. אומפּאַרטייאישע פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטליכע טאָג-צייטונג. 4 י״ג. // פּ׳ רעדי Ch. Kaufman. אַרויסג׳ „Najer Folksblat". 32×47.
„Najer Folksblat", Piotrkowska 21,
[72] Łódź.

**פּאָליעסער טאָגבלאַט**, בריסק. ערשיינט טעג-ליך חוץ שבת און יו״ט. // הויפּט און פּ׳ רעדי מ. דראַכלער. רעדי נתן גרושקעוויטש. אַרויסג׳ פֿערלאַג געזעלשאַפֿט אין בריסק. 27×42.
[נ׳ 1—מערץ 12. אויפֿגעהערט אַרויסצוגיין אין אַפּריל]
Red. „Poleser Togblat", Listowskiego
[73] 53, Brześć n/B.

**פֿאָלקסצייטונג.**
זע: אונזער פֿאָלקסצייטונג [58], נייע פֿאָלקס-צייטונג [71].
[a73]

**צייט**, ווילנע. טעגלעכע אומפּאַרטייאישע צייטונג געווידמעט די יידישע נאַציאָנאַל-קולטור-רעלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן. // רעדי א. צינצינאַטוס. אַרויסג׳ קאָאָפּ׳ פֿאַר-לאַג „צייט". 36×49.
[74] „Cajt", Wielka 39, Wilno.

## 2 מאָל אַ וואָך:

**וואָהלינער לעבן**, ראָוונע. די עלטסטע יידי-שע צייטונג אויף וואָלין און פּאָלעסיע. [דער-שיינט דינסטאָג און פֿרייטאָג] 3 י״ג. רעדי-אַרויסג׳ י. פייגעל. 31×46.
„Wołyner Leben", Hallera 6, Równe.
[75]

## וועכנטלעך:

**אונזער וועג**, שעדלעץ. אָרטאָדאָקסיש-וואָכנ-בלאַט. 3 י״ג. // רעדי ב. הובערמאַן. אַרויסג׳ רעדאַקציאָנס קאָלעגיום. 31×47.
„Unzer Weg", Skrz. poczt. 72, Sien-
[76] kiewicza 17 m. 4, Siedlce.

**אונזער לעבן**, גראָדנער וואָכנבלאַט. // פּ׳ רעדי און אַרויסג׳ I. Sołowejczyk. [נ׳ 1—מערץ 12; 5a (לעצטער)—אַפּריל 23] 24×33.
Unzer Leben, Dominikańska 7,
[77] Grodno.

**אונזער צייטונג**, פּעטריקאָוו. ליטעראַריש-

געזעלשאַפטלעך וואָכנבלאַט. 3 י״ג. // רעד׳-ארויסג׳ Dr. H. Zemel. 31×48.

„Unzer Cajtung", Kaliska 23.
[78] Piotrków.

**אונזער שטימע**, כעלם. אומפּאַרטייאישער דעמאָקראַטישער וואָכנבלאַט פאַר ליטעראַריש-געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע פראַגן. ערשיינט יעדן פרייטיק. ליטעראַרישער לייטער פריד. // רעד׳-אַרויסג׳ י. ש. וויינשטיין. 35×50.

Chełmer Sztyme, Lubelska 13, Chełm.
[79]

**אילוסטרירטע אונזער וועלט**, וואַרשע. אילוסטרירטער פאַמיליען-זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער, מאָדע, ספּאָרט און וועלטליכע ענינים. // רעד׳ און אַרויסג׳ ל. האָכשטיין. 22×30.

[נ׳ 1—יוני 1; נ׳ 2 (לעצטער) יולי 15]

„Ilust. Unzer Welt", Przejazd 13,
[80] m. 24, Warszawa.

**אילוסטרירטער זשורנאַל**, וואַרשע. וואָכנבלאַט פאַר ליטעראַטור און קונסט. // רעד׳-אַרויסג׳ M. Goldberg.

[נ׳ 1—אַפּריל 2; נ׳ 6 (לעצטער)—מאַי 6]

Ilustrirter Żurnal, Pawia 19, m 4,
[81] Warszawa.

**אַפּטער שטימע**, אַפּט. געזעלשאַפטלעך-ליטעראַריש וואָכנבלאַט אונטער דער רעדאַקציע פון ג. יאַקובאָוויטש. 2 י״ג. 31×34.

[געדרוקט אויף אַ שאַפּיראָגראַף]

Red. „Apter Sztyme", ul, Berki
[82] Josielewicza, Opatów.

**אַרבעטער-וועלט**.
[a82] זע: נייע אַרבעטער-וועלט [114]

**אַרבעטער-צייטונג**, וואַרשע. // רעד׳ און ארויסג׳ J Lew. 34×52.

[נ׳ 1—דעצעמבער 12]

„Arbeter-Cajtung", Skrz. poczt. 9,
[83] Warszawa.

**אַרבעטער-צייטונג**, טשענסטאָכאָוו. 4 י״ג. // רעד׳ און אַרויסג׳ R. Federman. 25×35.

„Arbeter-Cajtung", ul. P. Marji 20,
[84] Częstochowa

**באַפרייונג-אַרבעטער-שטימע**, וואַרשע. צענטראַל-אָרגאַן פון דער ״ידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון <פאַרייניקט מיט צ. ס. פּ.>. ערשיינט יעדן פרייטיק. 2 י״ג. // רעד׳ N. Szrajbaum. אַרויסג׳ inż. Bauman. 34×49.

Bąfrajung-Arbetersztyme, Dzika 11,
[85] m. 4a, Warszawa.

**באַראַנאָוויטשער וועגווייזער**, באַראַנאָוויטש. אינפאָרמאַציע און אַנאָנסן אָרגאַן. ערשיינט אָפּהענגיג [!] פונם אָנגעזאַמעלטן מאַטעריאַל ניט ווייניגער ווי איינמאָל אַ וואָך. פאַרשפּרייט זיך אין באַראַנאָוויטש און אומגעגנד, ווי אויך אין פיל אַנדערע שטעט אויף די מזרח קרעסן. // רעד׳-אַרויסג׳ מ. מאַנסקי.

[נ׳ 1—דעצ׳ 15]

Przewodnik Baranowicki, Piłsud-
[86] skiego 11, Baranowicze.

**דער בלאָפער**, וואַרשע. וואָכנבלאַט פאַר וויץ, הומאָר און סאַטירע. רעד׳ פּנחס קאַץ. // אַרויסג׳ ש. צוקער. 26×37.

[נ׳ 1—יוני 23]

Der Blofer, Nowolipie 21, m. 13,
[87] Warszawa.

**בריסקער וואָכנבלאַט**, בריסק. // רעד׳ מ. גינזבורג. אַרויסג׳ מ. טענענבוים. 24×48.

[נ׳ 1—מאַי 28]

„Brisker Wochenblat", ul. Steckie-
[88] wicza 18, Brześć n/B

**דאָס גרינע בלאַט**, וואַרשע. וואָכן-צייטונג פאַר אַלע. רעד׳ אלחנן צייטלין. ליטעראַרישער לייטער: אהרן צייטלין. רעד׳-אַרויסג׳ מ. גאָלדבערג. 32×48.

[דערשינען בלויז נ׳ 1—יאַנ׳ 21]

Dos grine Blat, Pawia 19, m. 4.
[89] Warszawa.

**האַנדעלסצייטונג**, וואַרשע. ערשיינט יעדן דאָנערשטאָג. [יאָרגאַנג ניט אָנגעוויזן] // רעד׳ G. Wajsbort. אַרויסג׳ Nachemja Finkelstein. 36×53.

Handelscajtung, Skrz. poczt. 350,
[90] Warszawa.

